# אפן בארג



## פון קאדיע מאלאדאווסקי

„יונגוואַרג“ ביבליאָטעק
באַם קאָאָפעראַטיוו פאָלקס־פאַרלאַג פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן




„ביי אַן אָרעמען, אָרעמען מאַן
געשען איז אַ וואונדער.“

# אינהאַלט



# אַף אַ באַרג

עס האָבן געלאָזט זיך אַף וויַיטן שפּאַציר
הערשל און הענדל,
(נישט מיר און נישט דיר).

אַראָפּ מיטן באַרג,
אַזוי ביזן טאָל,
און סאַמע אָט־דאָ בלייַבט מען שטיין מיטאַמאָל.

אַ מייסע געשען,
אַזאַ מין־אַ גליק —
אינמיטן דערינען — סע שטייט גאָר אַ ציג.

קיין פּאַסטעך נישטאָ, נישט קיין באַלעבאָס,
סע שטייט זיך אַ ציג
און זי צופּעט דאָס גראָז.

האָט מען גענומען די ציג אינדערמיט,
הערשל און הענדל —
און מען גייט זאַלבעדריט.

אַרויף מיטן באַרג, אַראָפּ מיטן טאָל,
און סאַמע — אָט־דאָ
בלייבט מען שטיין מיטאַמאָל.

וואָס איז פֿאַראַן צו דערציילן און זאָגן ?
עס שטייט זיי אַנטקעגן
אַ פערד מיט אַ וואָגן.

קיין פורמאַן נישטאָ,
נישט קיין בייטש, און קוים־קוים
הירזשעט דאָס פערדל און קלינגט מיטן צוים.

הערשל און הענדל
און די ציג אינדערמיט —
אַרויף אַפן וואָגן און מען פאָרט זאַלבעדריט.

פאָרט מען, מען פאָרט. און דער הימל איז העל —
ערשט עס ליגט זיי אַנטקעגן
אַ זעקל מיט מעל.

אַ זעקל מיט מעל —
נישט געהיט, נישט פאַרבונדן.
און וואו איז דער מעלער ? נישטאָ ? צי פאַרשוואונדן ?

הערשל און הענדל (און די ציג העלפט אַרויס)
דעם זאַק אַפן וואָגן —
און היידאַ פאָרויס.

מען פאָרט און מען פאָרט
ביזן באַרג, ביזן שפּיץ,
אַף אַ שטיין אינדערהויך ערשט אַ מענטש דאָרטן זיצט.

ער לויפט זיי אַנטקעגן
מיט פרייד און גאַלאָפּ,
אוי טייערע כעוורע, אַ געזונט אייך אין קאָפּ.

איך האָב נאָר אַ דרעמל געכאַפּט אַף אַ שאָ,
איז די ציג מיר אַנטלאָפן,
דער געשפּאַן איז נישטאָ.

דאָס איז דאָך טאַקע מיין ציג און מיין פערדל געשפּאַנט,
אַ ליבלעכן דאַנק אייך!
געבראַכט מיר צו דער האַנט.

אַ דאַנק פאַר אַ דאַנק —
דאָס איז טאַקע אַ גליק,
נאָר דו דאַרפסט אונדז באַצאָלן — און גיב אונדז די ציג.

עס געפעלן אונדז זייער די הערנערלעך צוויי,
דאָס ציגענע בערדל
און די פיסלעך ווי שניי.

זאָגט דער מענטש צו זיי: סטייטש?
זאָגט דער מענטש צו זיי: גוואַלד! און אַהער און
אַהין און אַזוי און צוריק,
און ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן, און ער גיט זיי די ציג.

און הערשל און הענדל
און די ציג אינדערמיט
גייען פון וויטן שפּאַציר זאַלבעדריט.

איצט בעטן מיר יעדערן,
ווער ס׳גייט איבער וועגן,
דערציילן, צי האָט מען דעם דריילינג באַגעגנט.

ווייל איך האָב זיי דרייען געזען אַף אַ באַרג,
שוין אַ יאָר מיט אַ סמיטשיק,
און איך בענק נאָך זיי שטאַרק.



# שיכעלעך

אָט־אָ, אָט־אָ איז אַ באַרג,
אָט־אָ, אָט־אָ איז אַ טאָל,
זיצט אַ שוסטער אַפֿן באַרג
מיט אַ האַמער, מיט אַ נאָל.

שטעכט דער שוסטער מיט דער נאָל,
מיטן האַמער שלאָגט ער גיך,
איינס און צוויי,
און איינס און צוויי,
וואַקסן אויס צוויי קליינע שיך.

זאָגט דער שוסטער:
— שיכלעך, גייט!
גייען שיכעלעך אַוועק,
וואו די וועלט האָט נאָר אַן עק,
גייען שיכעלעך אַרום,
וואו דער שוסטער שיקט זיי אום.

גייען שיכעלעך נאָך ברויט,
גייען שיכעלעך נאָך זאַלץ,
גייען שיכעלעך אַרום
פֿאַרן שוסטער ברענגען אַלץ.

איינמאָל נעמען שיכלעך גיין,
באַ אַ טויער בלייבן שטיין.

קלאַפּט דאָס רעכטע שיכל: איינס,
קלאַפּט דאָס לינקע שיכל: צוויי,
עפנט זיך אַ טיר פאַר זיי.

זיצט אַ קינד דאָרטן אַליין,
באָרוועס, נאַקעט, ווינד און וויי.

דאָרטן בלייבן שיכלעך שטיין,
ווילן ערגעץ מער נישט גיין.

און דער שוסטער אַפן באַרג
וואַרט, און וואַרט,
און וואַרט, און וואַרט.



# מאַרצעפּאַנעס

געווען אַ טאַטע מיט אַ מאַמע.
דער טאַטע איז דין,
די מאַמע איז גראָב,
און קינדער ווי באָב.

וויל איינס עסן קניידלעך,
אַ צווייטס — היידעלעך,
און די אויסטראַכטערקע כאַנע —
וויל אַ מאַרצעפּאַנע.

ווייס נישט קיינער וואו די מאַרצעפּאַנעס ליגן.
ווייס נישט קיינער וואו אַ מאַרצעפּאַנע קריגן.

זאָגט דער טאַטע: מאַרצעפּאַנעס וואַקסן אַף אַ בוים,
גלייך אַן עפּל, גלייך אַ באַר און גלייך אַ פלוים.

זאָגט די מאַמע: מאַרצעפּאַנעס קויפט מען אין די
קראָמען.
זאָגט אַ שוועסטער: מאַרצעפּאַנעס וואַקסן ווי די
שוואָמען.

קומט אַ בריוונטרעגער מיט אַ בריוו:
מאַרצעפּאַנעס ברענגט מען מיט אַ שיף,

פון אַ שטאָט אַזאַ וואָס הייסט האַוואַנע,
וואַקסט דאָרט אַף יעדן בוים אַ מאַרצעפּאַנע.

קומט אַ שוסטער מיט אַ זויל:
— מאַרצעפּאַנעס! — לאַכט ער מיט אַ פולן מויל —

מאַרצעפּאַנעס עסן גרויסע, גרויסע פּריצים.
אונדזער איינער קען צווישן זיי נישט זיצן.

און אַפילע ראָטשילד, וואָס האָט אַ רייכן טאַטן און אַ
רייכע מאַמע,
עסט איינמאָל אין אַ יאָר אַ מאַרצעפּאַנע.

מאַרצעפּאַנע הין — האָט מען גערעדט —
און מאַרצעפּאַנע הער,

ערשט ס'עפנט זיך די טיר,
און ס'קומט אָן יאָסל־בער.

יאָסל־בער — איז פּונקט מין האַשאָמאַיעם.
ער ווייס וואו קאָרן וואַקסט, און וואָס איז קלייען,
און וואו די האָזן וואוינען,
און וואָס עס עסן בערן,

און וואו די טייכן גייען,
און וואָס די פייגל קלערן.
ער ווייס אַפילע אין אַפריקע אַלע שטעט און לענדער,
ער ווייס, בעקיצער, אַלץ און — ענדע.

זיינען אַלע אים באַפאַלן ווי די פליגן,
זאָל ער זאָגן וואו די מאַרצעפּאַנעס ליגן.

און יאָסל בער איז נאָך געווען דערצו אַ לעץ.
פינטלט ער צו כאַנען מיט די אויגן:

זעט׳ס נאָר, זעט׳ס! אַ מויד אַזאַ, אַ כאַנע!
וויל דאַפקע נאָר אַ מאַרצעפּאַנע!

הער זשע, עס איז אַ שטאָט פּאַראַן —
ליגן מאַרצעפּאַנעס דאָרט אַף גאָלדענע געפּעסן,
נאָר ווי עס הייסט די שטאָט האָב איך פאַרגעסן.

לאַכן אַלע פון דער אויסטראַכטערקע כאַנע:
— נאַדיר גאָר! פאַרגלוסט אַ מאַרצעפּאַנע.

און ס׳וואוינען דאָרטן ליידיקגייער שפּאַסער,
וואָס טוען נישט אַריין אַ האַנט אין קאַלטן וואַסער.

לאַכן אַלע פון דער אויסטראַכטערקע כאַנע:
— נאַדיר גאָר! פאַרגלוסט אַ מאַרצעפּאַנע.

און פאָרן קען אַהינצו יעדער,
אַף אַ פור אָן פערד און רעדער.

לאַכן אַלע פון דער אויסטראַכטערקע כאַנע!
— נאַדיר גאָר! פאַרגלוסט אַ מאַרצעפּאַנע.

און פּלוצלונג צעלאַכט זיך יאָסל־בער אַליין
און כאַ־כאַ־כאַ, און כאַ־כאַ־כאַ — — —

אַ מאַרצעפּאַנע איז אַ קיכעלע אַזאַ,
און מען באַקט עס אין אַן אויוון,
און מען מעג שוין יאָסל בערן זיכער גלויבן.
און אַ מיידעלע אַזאַ ווי כאַנע
מעג פאַרקאַשערן די אָרבל ביז די עלנבויגן,
און זיך אַוועקשטעלן באַם מולטער קנעטן
און ס׳וועט שוין עפּעס טויגן.

און טאַקע יאָ, אַזוי איז שוין געווען די מייסע.
ס׳האָט די אויסטראַכטערקע אויסגעבאַקט אַ מאַרצעפּאַנע
איז איר די גאַנצע שטאָט געווען מעקאַנע.



# אַ שמועס

אַטאָ שטייט אַ הויכער מויער,
לעם אים אַ גרינער בוים.
דער בוים ציט זיך צום הימל,
דער מויער לאָזט אים קוים.

דער בוים שלאָגט מיט די צווייגן:
— רוק אָפּ זיך! רוק זיך אָפּ!
איך וויל נאָך העכער שטייגן,
עס וואַקסט מיין גרינער קאָפּ.

און עס רוישט דער בוים מיט בלעטער:
— גיב זון און ווינט און הויך!
דער מויער ענטפערט רואיק:
— איך טו מיין אַרבעט אויך.

און ס׳לאַכן פון די פענצטער
צוועלף קינדער מיטאַמאָל —
ענטפערן די בלעטער
מיט מורמלענדיקן קאָל.

# איטקעלע כינעזער

(געשריבן פאַר איטקעלע ליטמאַן)

איטקעלע האָט גרויסע, גרויע אויגן,
קיילעכדיקע — אַזש אַ וואונדער — טרויבן.
און וואָס איך וועל אייך וועגן איטקעלען דערציילן,
וועט איר סייוויסיי נישט גלויבן.

זי איז געווען אַ שטיפערקע.
די שטאָט איז מיט איר פול: אין גאַסן און אין פּאַרק
און אַפן בוידעם און סכאַך,
און אָטאָ זיצט זי אין אַ פּאַס,
און אָטאָ שווינדלט זי אונטער אַ דאַך.

און דער איקער לאַכן — אָבער לאַכן!
אייגעלעך פאַרזשמורעט — און כאַ־כאַ־כאַ, און כאַ־כאַ־כאַ,
פון דעם, פון יענעם און פון זיך אַליין,
ס'איז אַף דער וועלט נישטאָ אַ לאַכערקע אַזאַ.

הילכט מיט איטקעלען דורך אַלע פענצטער און דורך
אַלע טירן,
זאָגט די מאַמע: אַ גרעגער!
ווער קען וויסן —
וואָס מיט אַזוינס קאָן אַלץ פּאַסירן?

און טאַקע איינמאָל — ווען איטקע האָט די קעצלעך
מילך געגעבן
און איר געלעכטער האָט געקייקלט זיך אַף אַלע
טעצלעך און אַף אַלע טעלער,

דערזעט די מאַמע פּלוצלונג:
באַ איטקעלען די אויגן זיינען טונקעלער און שמעלער.

אַ כאַסענע זיך אָנגעמאַכט — גאָר שמעלער?
לויפט די מאַמע און דערציילט דעם טאַטן און די
קינדער און דעם לערער,
און דעם שוסטער און דעם שניידער,
און דעם וואָס שערט די האָר — דעם שערער.

זאָגן אַלע: עס דאַכט זיך אויס,
(אַ מאַמע איז אַ מאַמע קענטיק)
ווער עס האָט שוין שיינע אויגן,
האָט שוין זיי אַף שטענדיק.

נאָר איינמאָל האָט דערזען דער לערער,
גראָד ווען איטקעלע האָט געזאָגט אַף אויסנווייניק
„אינגל צינגל כוואַט", פון מאַני לייבן,
אַז באַ איטקעלען זיינען די אויגן לאַנג —
און אַ ביסעלע פאַרשמעלט פון אויבן.
האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן
און איטקעלען געשיקט צום שפּיגל עפענען די
אייגלעך קלערער,
און קינדער האָבן זיך אַרומגעשטעלט אין רעדל און
באַשלאָסן:
— ניין, עס דאַכט זיך אויס דעם לערער.

האָט מען שוין די זאַך פאַרגעסן און געשמאַק געלערנט,
אַז צוויי מאָל פינף איז צען און ווי מען דאַרף דאָס
שרייבן האַנדלען.
נאָר איינמאָל האָט אַ קינד פון שול דערזען און קלאָר
באַ איטקעלען די אייגלעך זעען אויס ווי מאַנדלען.



ווי מאַנדלען ? ווערט דאָך שוין אַ טומל, קומט דער
דאָקטאָר,
קוקט אַף איטקעלען דורך גרויסע גלעזער,
און דער דאָקטאָר זאָגט בעפּיירעש:
דאָס קינד זעט אויס ווי אַ כינעזער.

וויל זיך איטקעלע צעוויינען, זאָגט צו איר דער
דאָקטאָר פריילעך:
ס'איז אַלץ איינס, צי אויגן זיינען שמאָלע אָדער רונדע,
אָטאָ לעבן דאָך מיט שמאָלע אייגלעך כינעזער מיליאָנען,
אַלע שיינע און געזונטע.

נו מיילע, בלייבט שוין איטקעלע מיט מאַנדלדיקע אויגן.
נישט געזאָרגט, זי לאַכט און לויפט איבער די פּאַרקן,
אין די גאַסן, נאָך קליי־זמאָרים מיט טראָמפּייטן.

נאָר איינמאָל ווערט אַ ליאַרעם באַ איטקעלען אין שטוב,
אַ שטורעם: דאָס קינד האָט אָנגעהויבן אַף כינעזיש
ריידן:
טשינג און טשאַנג און לי און ליו און האָצעפּלאָץ,
קיינער ווייס אַ וואָרט נישט, וואָס זי פּלאַפּלט.
האָט די מאַמע זי אַ כאַפּ געטאָן, אין שול געבראַכט —
בלייך דערשראָקן און פאַרצאַפּלט.

און איטקעלע האָט זיך אַוועקגעזעצט, די פיסלעך
אונטער זיך,
און אַלע קינדער האָבן אָנגעשטעלט די אויערן, די
אויגן און די נעזער.
און איטקעלע ט׳גענומען ריידן טשינג און טשאַנג און
האָצעפּלאָץ,
אָט פּונקט ווי ס׳ריידן אַלינקע כינעזער.

דאָ האָט דער אוילעם זיך צעלאַכט און כאַ־כאַ־כאַ און
כי־כי־כי,
עס האָבן זיך די ווענט געקאַטשעט, צעקלונגען אַלע
קלאָשן,
דער דאַך האָט זיך געוויגט,
ביז ס׳קינד האָט אָנגעהויבן ריידן מאַמע־לאָשן.

איז דאָך שוין ווידער גוט,
מען לויפט שוין ווידער אין די גאַסן, אין די פּאַרקן,
איבער גרעזער.
נאָר וואָס זשע דען זשע?
די אייגלעך באַ איטקען זיינען פאַרבליבן שמאָלינקע,
ווי באַ אַן עמעסן כינעזער.

# מיטן זוניקן וועג

אַ מייסע מיט אַ אינגל, אַ אינגל אַ ברען.
און ווי איז זיין נאָמען? ס'איז בערל געווען.

ער האָט אַ פּאָר שטיוול, אַ היטל געהאַט —
איז ער שוין רייך, אַ גאַנצער מאַגנאַט.

איינמאָל טוט בערל אַ קוק אַף דער זון —
אַ באַלן צו וויסן, וואו גייט זי אַרום?

און לאַנג נישט געטראַכט, מיט אַ פינגער אַ וואונק,
— הער זונעלע־זון, גיב אַ בליק אַפן יונג.

גיט די זון אים מיט גאָלדענעם קעמל אַ קעם:
— וואָס דאַרפסטו מיך האָבן, בערעלע־ברען?

איך דאַרף דיך און דאַרף דיך, דערצייל מיר און זאָג,
וואו גייסטו אַרום אַלע טאָג, אַלע טאָג?

— אַזאַ־אָ יונגאַטש ביסטו, בערעלע־ברען?
דאַרפסטו גאָר וויסן וואו די זון איז געווען?



אַוואַדע, וואָס דען ?—זאָגט בערל און לאַכט,
— איך וואָלט אויכעט ווי דו אַ שפּאַציר געמאַכט.

די זון האָט איר פּעכער געטאָן אַ צעלאָז
און בערלען געגעבן אַ שנעל אין דער נאָז:

— נו, גיי זשע, יונגאַטש, מיטן וועג, אָבער גלייך,
נישט אַ באַרג זאָל פאַרהאַלטן, זאָל נישט שטערן קיין טייך.

און אַ יאַם זאָל קיין שטרויכל נישט זיין, נישט אַ שטאָט.
אַז גיין איז געגאַנגען, אַ טראָט איז אַ טראָט.

האָט בערל פאַרפאַרטיקט צום וועג זיין באַגאַזש:
די הענט, די ראַגלאַים און דער איקער קוראַזש.

אַ וועג איז אַ וועג. אַלץ קען זיך דאָרט טרעפן,
און ס'גיט זיך פאַר בערלען אַ טויער אַן עפן.

אַ הויף און אַ סאָד און אַ־ראָד־און־אַ־ראַנע,
און עס זיצט אַפן דאַך אַ שטרויענע פּאַנע.

זי זיצט אַפן דאַך און זי רויכערט אַ ליולקע,
און וויקלט דעם רויך אַף אַ זיידענער שפּולקע.

זעט בערל די שטרויענע פּאַנע און קוועלט:
— קום בעסער מיט מיר, וועסטו אָנזען אַ וועלט.

— איך וואָלט זיכער געגאַנגען, גלויב מיר, איך וואָלט וועלן,
נאָר דער רויך וויל די זון אין הימל פאַרשטעלן.

ווען וועסט גיין אַף צוריק, געדענק, נישט פאַרמייד,
ברענג מיר אַ פעכער אַ ווייסן פון זייד.

אַף געוויס, אַף געוויס, איך וועל טאָן דיין פאַרלאַנג,
האָט בערל געזאָגט און איז ווידער אין גאַנג.



און גיין אַף דער וועלט איז דאָך וואונדער פאַראַן,
גייט ער און קומט צו אַ שוימיקן יאַם.

און עס שווימט אים אַנטקעגן אַ וואַלפיש אַרויס,
גיט זיך דער יאַם אַזש צום הימל אַ שטויס.

גיט בערל אַ פריינטלעכן פאָך מיט דער האַנט —
אַ גוט־מאָרגן דיר, וואַל־פיש, ווי לעבט זיך אין יאַם?

גוט איז דער יאַם, און די טיפקייט איז גרין,
נאָר די פישעלעך זיינען אַראָפּ פון דעם זין.

זיי שווימען און שטיפן, דעם יאַם ווילן שפּאַלטן
און לאָזן נישט שלאָפן דעם וואַלפיש דעם אַלטן.

אַז וועסט גיין אַף צוריק וועלט פון לענג, וועלט פון רונד,
ברענג זיי אַ פראָשעק זיי זאָלן ווערן געזונט.

איך וועל ברענגען געוויס, איך גיב דיר מיין האַנט,
כאָטש נישט אַלץ קען מען קריגן אין זוניקן לאַנד.



גייט ער און גייט, גיבן בערג אים אַ גריס,
שטייט דאָרט אַ פאַסטעך, אויף פעלזן די פיס.

ער פייפט אויף אַ פייפל : איינמאָל איינס, איינמאָל צוויי,
שטעלן די בערג זיך אויס אין אַ ריי.

ער פייפט אַף אַ פייפל : רעדער מיט אַקסן,
נעמען די בערג צום הימל וואַקסן.

פייפט ער אַ ניגן : גאָלדענע רינגען,
נעמען די בערג ווי ציגעלעך שפרינגען.

האָט זיך דער פאַסטעך מיט בערלען צעקושט :
— איך זע דו ביסט דאָ, האָסט דעם וועג נישט פאַרפושט.

איך האָב דאָ אַן אַרבעט פאַר דיר אין די בערג,
פאַרקאַשער די אַרבל און לאַנג נישט געקלערט.

עס וואוינט דאָ אַ שייוועט, אַ ביטערער דאָר,
זיי האָבן אַזוינס און אַזעלכעס געטאָן.

דערציילן — אַ ווייטיק, אַ שאַנד און אַ פלעק:
פאַרהאַנגען די לעוואָנע אַף אַ כאַזערשן עק.

איך האָב דאָ אַ האַמער, אַ האָרן, אַ לאָם,
און העלפער איך האָב דאָ אַ גאַנצן מיליאָן.

שטעל זיך אַוועק, זאָל דאָס זיין דיין באַרוף
די ווייסע לעוואָנע אין הימל הענג אויף.

האָט זיך בערל צום פאָסטעך אַ נויג געטאָן:
דו מעגסט זיך פאַרלאָזן אַף בערלס פאַסאָן.

שטייט בערל מיט האַמער און האָרן אין בערג,
שטייט ער אין פלאַמיקן הייסן געווערק.

און דער זוניקער וועג? אָט דאָס איז אַ קונץ —
ער וואַרט נאָך אַף בערלען און וואַרט נאָך אַף אונדז.



# אַ מייסע מיט אַ וואָלף

אין פעלד זיינען שעפּסן געווען,
האָט זיי אַ פּאַסטעך געהיט און געזען.

האָבן שעפּסן געמעקעט, געדרייט מיט די עקן,
איז אַ וואָלף פון וואַלד געקומען פרעגן:
— ווער מעקעט עס באַ דיר אין פעלד?

— קייענר מעקעט נישט, איך קאָך פאַר זיך אַ יויך,
קלאַפּט דאָס שטערצל אין דעם טעפּל אַזוי הויך.

איז דער וואָלף אַוועק
מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן עק.

האָבן שעפּסעלעך גענומען טאַנצן, מיט קאָפּיטעס שלאָגן,
איז אַ וואָלף פון וואַלד געקומען זאָגן:
— ווער טופּעט עס באַ דיר אין פעלד?

— קיינער טופּעט נישט, אַ רעגן גייט — דו זעסט,
שלאָגט דער רעגן אין די גרעזעלעך אַזוי פעסט.

איז דער וואָלף אַוועק
מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן עק.

האָבן שעפּסעלעך גענומען הוליען, אין קאַדרילן גיין,
איז אַ וואָלף געקומען מיט פאַרקריצטע ציין:
— ווער הוליעט עס באַ דיר אין פעלד?

נאָר די שעפּסעלעך האָבן געפירט אַזעלכע זינגערייען,
אַזעלכע כאָרן,
אַז דאָס פּאַסטעכל דעם טערעץ האָט פאַרלאָרן.

היינט, אַז דאָס פּאַסטעכל דעם טערעץ האָט פאַרלאָרן,
ווער ווייסט, ווער ווייסט וואָס איז מיט שעפּסעלעך געוואָרן.



# אַ מייסע מיט אַ מאַנטל



באַ אַ שניידער אין קאַמאָרע,
פול מיט קינדער קאַנאַהאָרע,
קינדער פּיצעלעך ווי מאָן,
שטייט אַ וויגל אויבן אָן.

איצטער הויבט זיך אָן די מייסע —
נישט פון ציגעלעך קיין ווייסע —
נאָר אַ מייסע מיט אַ מאַנטל
פון אַ טונקעלן געוואַנטל.

האָט מען אויפגענייט אַ מאַנטל
פון אַ טונקעלן געוואַנטל
פאַרן עלטסטן באָכער שמועל —
ער זאָל קענען גיין אין שול.

גייט אים שמוליק יאָרן דריי,
איז דער מאַנטל שפּאָגל-ניי.
גייט אים שמוליק נאָך אַ יאָר,
איז דער מאַנטל שענער גאָר.

איינמאָל שמוליק טוט אים אָן,
איז דער מאַנטל קורץ אין סטאָן.

ווערט אַ טומל אין קאָמאָרע:
נאַ דיר גאָר אַ נייע צאָרע,
שמוליק טוט דעם מאַנטל אָן —
איז דער מאַנטל קורץ אין סטאָן!

וואָס־זשע קען דאָ זיין דער מער?
גייט אין מאַנטל יאָסל־בער.

גייט ער אין אים יאָרן דריי,
איז דער מאַנטל שפּאָגל ניי.
גייט ער אין אים נאָך אַ יאָר,
ווערט דער מאַנטל שענער גאָר.

איינמאָל פאַלט ער אַף די טרעפּלעך
און — אַ סאָף צו אַלע קנעפּלעך!

ווערט אַ טומל אין קאָמאָרע:
נאַ דיר גאָר אַ נייע צאָרע,
גיין און פאַלן אַף די טרעפּלעך
און — אַ סאָף צו אַלע קנעפּלעך!

נו, איז מיילע,
וועט שוין גיין אין מאַנטל ביילע.

גייט אים ביילע יאָרן דריי,
איז דער מאַנטל שפּאָגל־ניי.
גייט אים ביילע נאָך אַ יאָר,
פעלט דעם מאַנטל נישט קיין האָר.

איינמאָל, ביילע טוט אַ שפּיי,
פּלאַצט אין מאַנטל נעטלעך דריי.

ווערט אַ טומל אין קאָמאָרע:
נאַ דיר גאָר אַ נייע צאָרע,
טאָמערביילע טוט אַ שפּיי,
פּלאַצט אין מאַנטל געטלעך דריי . . .

און עס פּאַסקנט דאָס געזינדל,
זאָל שוין גיין אין מאַנטל הינדל.

גייט אים הינדל יאָרן דריי,
איז דער מאַנטל שפּאָגל־ניי.
גייט אים הינדל נאָך אַ יאָר,
ווערט דער מאַנטל שענער גאָר.

איינמאָל ווערט אַ גרויסער טומל,
אַלע שטייען אין אַ רומל,
הינדל כליפּעט אַפן בעט —
ט׳אַנגעוואָרן אַ מאַנקעט.

שרייען אַלע, אַלע, אַלע:
דאָס איז דאָס אַ מויד אַ קאַלע,
ליגט און כליפּעט אַפן בעט —
ווי פאַרלירט מען אַ מאַנקעט?

האָט שוין אָנגעטאָן דעם מאַנטל
איצט דער אינגסטער באָכער פאַנטל.

פאַנטל, פאַנטל, איי, איז דאָס אַ באָכערעץ!
כאַווערט זיך מיט הינט און קעץ,
יאָגט זיך נאָך יעדן וואָגן,
שלאָגט זיך, ווערט אַליין געשלאָגן.
מיאַוקעט, פייפט און שרייט און שפּילט,
און די מאַמע לאַכט און שילט.

האָט שוין אָנגעטאָן דעם מאַנטל
איצט אָט דער־אָ באָכער פאַנטל.

האָט ער באַלד דעם ערשטן טאָג
אָפּגעפּליקט אַ גאַנצן ראָג.
און אַף מאָרגן אינדערפרי
אויסגעהאַקט אַ לאָך אין קני.

און דעם זעלבן טאָג פאַרנאַכט
אָן אַ קאָלנער אים געבראַכט,
מיט צוויי לעכער גרויס ווי אויגן
אין דיביידע עלנבויגן.

שרייען אַלע פאַראַמאָל,
אַלע, אַלע מיט איין קאָל:
אַזאַ מאַנטל, אַזאַ מאַנטל
פאַלט אַריין צום טאַכשעט פאַנטל.

איינמאָל פאַנטל איז ניט פויל.
קומט צולויפן נאַקעט, הויל.

שרייען אַלע מיטאַמאָל,
אַלע, אַלע מיט איין קאָל:
טאַכשעט, שייגעץ, פלעדערמויז!
וואו׳ז דער מאַנטל, זאָג נאָר אויס!

ענטפערט זיי דער וואוילער יונג
מיט אַזאַ־אָ שאַרפער צונג:
כ׳האָב פון אים דעם רעכטן לאַץ
אָפּגעשענקט דער ווייסער קאַץ,

און דערנאָך דעם לינקן לאַץ
אָפּגעשענקט דער שוואַרצער קאַץ,
און די רעשטע — לאָך אַף לאָך —
וועט אָנקומען די צווייטע וואָך.

# די דאַמע מיטן הינטל

(מאָטיוו פון ס. מאַרשאַק)




יט אַ גרויסן באַגאַזש
קומט אַ דאַמע צום באַן.

אַ קערבל,
אַ קעסטל,
אַ קליין טשעמאָדאַן,
אַ פּעקל,
אַ זעקל,
אַ פּודעלע גרויס, ווי אַ פּינטל,
און אַ קליין הינטל.

ט׳דאָס גענומען אַ מענטש מיט אַ בלעך אַפן היטל
און ט׳געגעבן אַ גרינעם, געשטעמפּלטן קוויטל.

די באַן גיט אַ פייף
און נעמט פאָרן,
און דאָס הינטל —
אַ ביל
און אַ שפּרונג,
און פאַרלאָרן.

ווערט אַ גרויסער קוראַזש,
און מען ציילט דעם באַגאַזש:

אַ קערבל,
אַ קעסטל,
אַ קליין טשעמאָדאַן,
אַ פּעקל,
אַ זעקל,
אַ פּודעלע גרויס, ווי אַ פינטל —
נאָר וואו איז דאָס הינטל ?

דערווייל שטייט אַ הונט,
אַ גרויסער, אַ בייזער,
אַ פּוד מיט אַ פונט.

מען גיט אים אַ נעם,
און אַ יאָג,
און אַ טראָג אַפּן באַן
צום קערבל,
צום קעסטל,
צום קליין טשעמאָדאַן,
צום פּעקל,
צום זעקל,
צום פּודעלע גרויס, ווי אַ פינטל,
אַפן אָרט פון דעם הינטל.

פאַרהאַקט
און פאַרפּאַקט
און מען פאָרט.
דריי נעכט
און דריי טעג
אַלץ אין וועג.

דערנאָך קומט די דאַמע צו גיין מיט אַ ראַש:
— גיט אַהער מיין באַגאַזש!

אַ קערבל,
אַ קעסטל,
אַ קליין טשעמאָדאַן,
אַ פעקל,
אַ זעקל,
אַ פודעלע גרויס, ווי אַ פינטל,
און אַ קליין הינטל!

גיט אַ שפרונג אַפן קאָפ איר אַ הונט,
אַ גרויסער,
אַ בייזער,
אַ פוד מיט אַ פונט.

גיט די דאַמע אַ קוויטש:
רויצייעך, אָט דאָס איז מיין הונט?
אָט האָב איך אַ קוויטל . . .

זאָגט דער מענטש אין דעם היטל:

— שאַ, שטילער, מאַדאַם,
דריי נעכט
און דריי טעג
ביסט געוועזן אין וועג,
איז דאָס הינטל קאַנאַהאָרע געוואָקסן
און געוואָרן אַ הונט,
אַ פוד מיט אַ פונט.

# אַ מיידל אין ווייסע שיך

דאַניעל דערציילט אַ מייסע,
אַ מייסע אַזאַ און אַזאַ.
דאַניעל האָט איינמאָל אַ פייף געטאָן
מיט זיין פייפעלע טראַ־טאַ־טאַ.

איז דאַניעל געוואָרן אַ קאָנדוקטאָר.
אַ לאַנגע, אַ לאַנגע איז די באַן,
די רעלסן הודיען און זינגען,
די רעדער גייען אין שפּאַן.

פאָרט די באַן אַף אַ באַרג,
פאָרט די באַן אין אַ טאָל.
פאָרט די באַן מיט אַ וועג,
אָטאָ ברייט, אָטאָ שמאָל.

איז געקומען אַ פורמאַן צום באַן
מיט געהילץ און מיט אייזנוואַרג:
— שטעל־אָפּ, דאַניעל, דיין געשפּאַן,
מיר פאָרן צום ווייסן באַרג.

— קום אַריין, אָבער גיך, אָבער שנעל,
גיט דאַניעל מיט אַקסלען אַ ריר.
קום אַריין, נאָר דעם וועג נישט פאַרשטעל,
איך וואַרט אַף אַן אַנדער פּאַסאַזשיר.

איז געקומען אַ טרעגער צום באַן
מיט צוקער, מיט עפּל, מיט וואָל.
שטעל־אָפּ, דאַניעל, דיין געשפּאַן,
מירן פאָרן צום גרינעם טאָל.

— קום אַריין, לייג דיין מאַסע אַוועק —
גיט דאַניעל מיט אַקסלען אַ ריר.
שטיי באַם זייט, און פאַרשטעל נישט דעם וועג,
איך וואַרט אַף אַן אַנדער פּאַסאַזשיר.

איז געקומען אַ מיידל צום באַן,
אין ווייסן קלייד און ווייסע שיך,
— שטעל־אָפּ, דאַניעל, דיין געשפּאַן,
איך דאַרף פאָרן זייער גיך.

— וואוהין, מיידל, אין ווייסע שיך ?
זאָג דיין וועג וואוהין ער פירט,
צי וואַרט אַף דיר ערגעץ דיין מאַמע,
צי האָט עפּעס אַנדערש פּאַסירט ?

— דו זעסט, איך בין אָנגעטאָן אין ווייסן,
איך אייל זיך און בין אָפּגעהיט.
איך פאָר היילן און פלעגן און היטן
די פאַרטיידיקער פון מאַדריד.

איז דאַניעל געוואָרן אַ פויגל,
די הענט — צוויי פליגל — געטאָן אַ צעבינד,
און עס פליט די באַן מיטן מיידל
איבער ערד, איבער יאַם, איבער ווינט.

# די מיל

אַז מען שטעלט זיך זייער שטיל,
הערט מען ווי עס רוישט די מיל.

הערט מען ווי די רעדער לויפן,
ווי עס דרייען זיך די שרויפן,

ווי די ווינטן זינגען, ציען,
ווי די פליגלען פליען, פליען.

מאָלט זיך ווייצן, קאָרן־מעל,
אַז עס ווערט די געגנט העל.

הויבט זיך אָן צו טומלען, רוישן,
קומט מען אָן מיט זעק, מיט קוישן,

טאַטעס, מאַמעס מיט די קינדער,
פאַסטעכער מיט שאָף און רינדער.

קומען גויאים, קומען אידן,
אַ ציגיינער אויך אינמיטן.

עס איז אַ גרויסע מיל אַ ברייטע,
נאָר די מילנערקע אַ צאַצקע
און אַביסל אַ צעדרייטע.

אָטאָ שטעלט זי זיך און שרייט:
— הערט נאָר, הערט נאָר אַלע לייט,

ווער ס׳האָט קינדער, אינגלעך דריי,
מעג ער נעמען פראַנק און פריי.

ווער ס׳האָט מיידעלעך מיט צעפּ,
מעג ער נעמען צוואַנציק טעפּ.

האָבן קינדער קעפּלעך העל,
מעג מען נעמען ווייצן־מעל.

שוואַרצע און געשאָרענע —
מוז מען נעמען קאָרענע.

ווער ס׳איז עלנט ווי אַ שטיין —
זאָל ער ליידיק גיין אַהיים.

ווערט אַ טומל, אוי און וויי,
אַ געיאָמער, אַ געשריי.

שרייען אַלע אומגעדולדיק:
וואָס זשע זיינען מיר דאָ שולדיק?

וויינען די געשאָרענע —
ווילן נישט קיין קאָרענע.

ווער ס׳איז עלנט ווי אַ שטיין,
וויל נישט ליידיק גיין אַהיים.

און ווען אַלע שרייען, שווערן —
קומען וואָלקנס אָן ווי בערן,

שווימענדיקע גרויסע בערג,
פאַלט אַ פינצטערקייט אַף דער ערד,

און אַ רעגן הויבט אָן פאַלן —
גרויסע שלאַקסן, גאַנצע קוואַלן.

גאַנצע טייכן נעמען יאָגן,
אַלע קינדער אויסגעצוואָגן.

ווערן אַלע קעפּלעך העל,
אַלע נעמען וויַיצן־מעל.

נאָכן שטורעם אַלע קוקן,
ערשט די מילנערקע העט־העט באַ אַ וואָלקן אַפן רוקן.

זאָגן אַלע אָן אַ קלער:
— זאָל זי שווימען מיטן בער.

נעמען מעל שוין אַלע, אַלע —
ווער אַף ברויט און ווער אַף כאַלע.

טראָגט מען זעקלעך איינגעבויגן
מיט אַ סימכע אין די אויגן.

און עס איז דאָ אַזויפיל מעל,
אַז עס איז די געגנט העל.

און די ווינטן זינגען, ציִען,
און די פליגלען פליִען, פליִען.

# מיט שיפן און מיט באַנען

(מאָטיוו פון ס. מאַרשאַק)



די מאַמע האָט געשריבן אַ בריוו צום זון.
שטייט דאָרט: איך אַרבעט און בין געזונט.

איך גריס דיך, מיין זון, שרייב מיר אַ בריוו,
מע זאָגט: דו בויסט די שטאַרקסטע שיף.

און זי האָט אָנגעשריבן אַן אַדרעס
און אַוועקגעשיקט: עקספּרעס.

אין פּאָסט האָט אַ מענטש לעם אַ גרינעם לעמפּל
אָפן בריוו געשטעלט אַ רוסישן שטעמפּל.

פּאָרט דער בריוו מיט אַ האַסטיקער באַן,
ווי ס'שטייט אין אַדרעס, צום נויטיקן מאַן.

געקומען דער בריוו אין שטאָט אָדעס,
אַזוי ווי עס שטייט אין אַדרעס.

טראָגט אַ בריווטרעגער דעם בריוו
צום מאַן, וואָס בויט די שטאַרקסטע שיף.

קלאַפּט ער אָן אין טיר אַף שנעל:
איז דאָ פֿאַראַן דער בירגער שעל?

דער בירגער שעל? אָט אַקוראַט
אַוועקגעפֿאָרן קיין לענינגראַד.

זאָגט דער בריווטרעגער: — אַ גליק — — — —
און טראָגט דעם בריוו אַף פּאָסט צוריק.

און מעקט און שרייבט מיט אַ פּאַראַד,
און צייכנט צו: קיין לענינגראַד.

פֿאָרט דער בריוו מיט האָסטיקער באַן
ווי ס'שטייט אין אַדרעס, צום נויטיקן מאַן.

טראָגט דער בריווטרעגער דעם בריוו
צום מאַן, וואָס בויט די שטאַרקסטע שיף.

קלאַפּט ער אָן אין טיר אַף שנעל.
וואוינט דאָ איצט דער בירגער שעל?

דער בירגער שעל? געהאַט אַ גריס,
אַוועקגעפֿאָרן קיין פּאַריז.

צייכנט דער בריווטרעגער אָן אַדרעס —
קיין פּאַריז און מיט עקספּרעס.

פאָרט דער בריוו מיט אַ האַסטיקער באַן,
ווי ס'שטייט אין אַדרעס, צום נויטיקן מאַן.

און אַף פּאָסט לעם אַ ליכטיקן ראַמפּ
שטעלט מען אַף אים אַ פראַנצויזישן שטאַמפּ.

און אַ בריווטרעגער פון די פראַנצויזן,
מיט בלויען היטל און בלויע הויזן,

ברענגט דעם בריוו און פרעגט אַף שנעל:
— וואוינט דאָ איצט דער בירגער שעל?

דרייט אַ פראַנצויז זיין וואָנץ מיט זאָרג:
— אַוועקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק.

אַ שאָד, אַ שאָד — און ס'פאָרט דער בריוו
קיין ניו־יאָרק מיט אַ האַסטיקער שיף.

און אין ניו־יאָרק איז אַ שטעמפּל גרייט
און אָפּגעשטעמפּלט: „יונייטעד סטייטס".

גייט אַ בריווטרעגער אַפּסניי,
און טראָגט אַ בריוו מיט שטעמפּלען דריי.

און קלינגט אָן אייליק אין אַ גלאָק:
איז בירגער שעל איצט אין ניו־יאָרק?

און ס'עפנט זיך די טיר: — יאָ־יאָ,
דער בירגער שעל איז איצטער דאָ.

און ס'פרייט זיך שטאַרק דער בירגער שעל.
און ס'ווערט זיין פּאָנעם פריילעך העל.

„אַ לויב די שיפן און די באַנען —
געבראַכט אַ בריוו מיר פון דער מאַמען".

# אָלקע

הינטער וואַרשע, עק אָכאָטע,
אַ הויף מיט בלאָטע.

וואוינט דאָרט אָלקע
מיט דער בלויער פּאַראַסאָלקע.

דער טאַטע אַ שמיד,
די מאַמע אַרבעס בריט.

דער דאַך איז איינגעבויגן האַלב,
אונטערן דאַך וואוינט אַ שוואַלב.

אין שטוב אַ טיש, און אַ בעט,
און אַ בוידעם מיט גרעט.

און לעפל, און טעלער, און טעפּ, און קריג,
און אַ קינד אין וויג.

און דאָס מיידעלע אָלקע
מיט דער בלויער פּאַראַסאָלקע.

אַ מויד פון זעקס יאָר,
מיט גאָלדענע האָר.

איז אינדרויסן העל
און דער זאַמד איז געל,

נעמט אַלקע זאַמד קנעטן,
אַלע כאַווערטעס פאַרבעטן.

רופט די מאַמע די מויד,
אַז עס ציטערט אַ שויב,

און דער טאַטע, דער שמיד,
העלפט מיט:

— גיי אין שטוב!
מען דאַרף דאָס ברודערל וויגן,
וואַשן טעפּ און קריגן.

מען דאַרף וואַסער ברענגען,
מען דאַרף העמדעלעך שווענקען,

מען דאַרף קאַרטאָפל שיילן,
מען דאַרף מייסעלעך דערציילן,

אַביסעלע לייענען,
אַביסעלע שרייבן —
געדענק, כ'וועל דיך פון שטוב פאַרטרייבן!

גייט אַלקע וואַסער ברענגען,
העמדעלעך שווענקען.

זעט זי:
גענדז גייען.
גייט די גאַנדז גורע,
און די גענדזעלעך אין שורע —
פעדערן ווייסע,

פיס רויטע,
און דער גאָנער, דער שויטע.

עפנט אָלקע
די בלויע פּאַראַסאָלקע,
האָט זי אַ שטוב און אַ דאַך
און גענדזעלעך אַסאַך.

וויל אָלקע מיט גענדזעלעך גיין
ביז די זון וועט פאַרגיין.

רופט די מאַמע די מויד,
אַז עס ציטערט אַ שויב,

און דער טאַטע, דער שמיד,
העלפט מיט:

— גיי אין שטוב!
עס איז אינדערוואָכן,
מען דאַרף קאַשע קאָכן,

מען דאַרף האָלץ שפּאַלטן,
מען דאַרף דאָס קינד האַלטן,

מען דאַרף שוועבעלעך צינדן,
מען דאַרף וויקעלעך בינדן,

אַביסעלע לייענען,
אַביסעלע שרייבן —
געדענק, כ'וועל דיך פון שטוב פאַרטרייבן!

גייט אָלקע האָלץ שפּאַלטן,
דאָס קינד האַלטן.

זעט זי:
פייגעלעך פליען,
אַ שורע לאַנג, ווי אַ באַן,
און איבער זיי אַן עראָפּלאַן.

פליגעלעך ווייס,
פייגעלעך הויך,
און איבער זיי וואָלקנס,
ווי בלויער רויך.

עפֿנט אָלקע
די בלויע פּאַראַסאָלקע,

האָט זי אַ שטוב און אַ דאַך
און פייגעלעך אַסאַך.

וויל אָלקע דאָ שטיין,
ביז די זון וועט פאַרגיין.

רופט די מאַמע די מויד,
אַז עס ציטערט אַ שויב.

און דער טאַטע, דער שמיד,
העלפט מיט:

— גיי אין שטוב!
מען דאַרף זאָקן צירעווען,
מען דאַרף פעדעם קירעווען,

מען דאַרף קניפּלעך דרייען,
קנעפּלעך פאַרנייען,

אַביסעלע לייענען,
אַביסעלע שרייבן —
געדענק, כ׳וועל דיך פון שטוב פאַרטרייבן !

גייט אָלקע פאָדעם דרייען,
קנעפּלעך פאַרנייען,

גיבן קנעפּלעך זיך אַ שאָט,
און צעלויפן זיך איבער דער שטאָט.

ווערט יעדעס קנעפּל אַ ראָד,
יאָגן זיך די רעדער קאַראַהאָד.

איינס יאָגט זיך איבער דער גאַס,
קייקלט זיך און פירט אַ פאַס.

צוויי דרייען אַ וועליסאָפּעד,
דריי רעדער פירן אַ ברעט,

פיר רעדער האָבן זיך צעשלאָגן,
איינגעשפּאַנט זיך אין אַ וואָגן.

עפנט אָלקע
די בלויע פאַראַסאָלקע,

האָט זי אַ שטוב און אַ דאַך
און רעדער אַסאַך.

ווײַל אַלקע דאָ שטײן,
ביז די זון וועט פֿאַרגײן.

רופֿט די מאַמע די מויד,
אַז עס ציטערט אַ שויב,

און דער טאַטע, דער שמיד,
העלפֿט מיט.

נאָר אַלקע ווײַל נישט הערן, ווײַל נישט וויסן,
די רעדער רודערן און בויגן זיך צו איר, און גריסן.

נעמט אַלקע אַלע רעדער אין אַ שפּאַן
און מאַכט אַ לאַנגע באַן.

און ס'פֿײַפֿט די באַן און אַלקע פֿאָרט אַוועק,
העט ווײַט, העט ווײַט איבער אַ ווײַסן וועג.

# אַיי די הירשן

(מאָטיוו פון י. אָפּאַטאָשו)

אַיי די הירשן,
אַיי די הירשן,
מיט די גרויסע הערנער.

זיבן טעג האָבן זיך געיאָגט די יעגער,
יעגער בערדיקע מיט וואָנצעס,
יעגער אין שטיוואַלעס,
און מיט גרויסע ביקסן,
און מיט גראָבע פּעלצן
און מיט אַלע מיילעס.

זיבן טעג האָבן זיך געיאָגט די יעגער.
נישט געגעסן, נישט געטרונקען, נישט געקעמט די בערד.

— ווייסע האָזן נישט געשאָסן,
רויטע פוקסן דורכגעלאָזן,
נאָכן הירש מיט גרויסע הערנער,
יאָגן, פּאַלן אַזש צו דר׳ערד.

און אַוואַם, אַוואַם, אַוואַם.
אַיי אַ זשלאָב,
אַיי אַ יונג,
אַיי אַ כלאָפּ.
נישט קיין באָרד
און נישט קיין וואָנצעס,
אָן אַ היטל אַפן קאָפּ —
איז אַוועק אין וואַלד פּאַרטאָג.

און יאָדאַיעם האָט געהאַט אַוואָם — אַיי הענט !
ציגל האָט ער אויסגעברענט,
אָבער ציגל ! — ליאַלקעס !
רויטע ווי די זונען.
ס'האָבן מויערער פאַר זיי קיין ווערטער נישט געפונען —
נאָר געסמאָקעט מיט די ליפּן :
— אַיי יאָדאַיעם, אַיי הענט !
צו זוכן און צו זיפּן.

און אַ טעפּער איז געווען אַוואָם !
מאַכן טעפּ און קרוגן.
אָבער טעפּ ! — קיילעכדיקע ווי לעוואָנעס,
הילכיקע ווי גלאָקן.
ס'פלעגן פויערים די פּיפּקעס שאָען גאַנצע סמאָקען
און אַלץ ריידן, און אַלץ ברייען :
— אַיי, האָט ער הענט,
אַיי, האָט ער יאָדאַיעם !

איז אַוואָם אין וואַלד געקומען
מיט גוט־מאָרגן,
מיט אַ גרוס.
אַפן באַרג דעם הירש געטראָפן,
הערנער ציען זיך צום הימל,
ס'ציטערן די דינע פיס.

אַיי, די הירשן,
אַיי, די הירשן,
מיט די גרויסע הערנער.

און אַוואָם האָט צוגענומען
אי די הערנער,

אי דאָס פלייש,
אי די פעל.
זיינען יעגער בייז געוואָרן —
אָבער בייז — אַזש גרין און געל.
האָט מען אָנגעשטעלט די ביקסן
אַף אַוראָמען, אַף זיין שטוב, און אַף זיין פלויט.

דרייסיק טעג אַזוי געשטאַנען,
דרייסיק נעכט אַזוי געהיט.
וועט ער נאָר אַרויס פון טיר,
וועט מען האַרגענען צום טויט.

איז אַוראָם אין היי געלעגן
פון ראָש־כוידעש ביז ראָש־כוידעש,
אַפן בוידעם אין די קליידער.
און די יעגער אין שטיוואַלעס
שטייען אויסגעשטרעקט די ביקסן,
טאָג און נאַכט קעסיידער.

האָט אַוראָמען דאָס דערקוטשעט,
ס'האָט דאָס היי געשטאָכן.
האָט ער צוגעשטעלט אַ לייטער
און אַראָפּגעקראָכן,
און געבליבן שטיין אינמיטן,
גרייט דערלאַנגען אין די ריפּן.

און ער האָט געטאָן אַ הוקע:
אַיי, איר דרענגער, קוקובעבעס,
האָזנשלעגער, שקראַבעס.
אָטאָ כ'גיב אַ נעם דעם לייטער,
אָטאָ וועל איך אייך צעטרייבן,
אָטאָ ווי די זשאַבעס!

האָבן דאָס דערהערט די יעגער,
האָט מען איינגעשטעלט אַ שאָלעם,
דרייסיק טעג געגוג צו ברויען.
פאַר אַוראָמען פעל און הערנער,
און פאַר יעגער — קוקובעבעס —
איז געגוג די טלאָען.

און מען האָט געמאַכט לעכאַיעם,
איז געווען די גרויסע סודע.
צימעס־טעפּ ווי וואָלקנס,
פלעשער וויין ווי שטערן,
און געקושט זיך אין די פּיסקעס,
און געטאַנצט ווי בערן.
אַיי, די הירשן,
אַיי, די הירשן,
מיט די גרויסע הערנער.



# אַ מייסע מיט אַ פּאַס

אין אַ הויף, אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ פּאַס אָן אַ רייף.
ווער ווייס, צי פון האָניק, פון ביר, צי פון זייף.
געווען איז דאָס פּאַס אַביסל לאָם, אַביסל קרום,
נאָר אַ טעווע אַזאַ ט׳עס געהאַט — פול מיט זון.

און אין הויף האָבן צוועלף מישפּאָכעס געוואוינט מיט
ווייבער און קינדער —
אַ שוסטער, אַ שניידער, אַ שמיד, און אַ קלעזמער אַ
בלינדער.
און אַן אַלמאָנע—געוויינלעך מיט קינדער באַשאָטן, און
אַלע נאָך קליין,
און אויסער דעם, איך אַליין,
און אָרקע דער טרעגער, מיט טעכטערלעך צוויי,
וואָס האָבן קיין בעט נישט געהאַט און געשלאָפן אַף
שטרוי.

נאָר אַרט דאָס דען שכיינים, וואָס ס׳איז ווען
באַשערט —
האָט מען די טעכטערלעך אָרקעס גערופן:
די מיידן, וואָס זיצן אַף דער ערד.

און אין הויף איז אַ טומל געשטאַנען, אַ האַלבער יאַריד.
מען שרייט אַף די קינדער, מען שילט און מען שילט.

וואַיהי, אַז דער שוסטער פלעגט ווערן אין קאַס אַף די
באָנים,
און פלעגט פון בענקל אַ הויב טאָן די באָרד און דאָס
פּאָנעם,

און מיטן רימען אין האַנט און אַ הויכן געשריי,
איבערן הויף זיך אַ יאָג טאָן נאָך זיי,

פלעגן די קינדער אַנטלויפן פון שוסטערשן רימען און
קאַס
און אַלע זיך פּעקלען אין פּאַס.

פלעגט אַ געלעכטער דעם שוסטער באַפאַלן:
— אַז אין פּאַס איז פאַרפאַלן.

און אַז פּיניע דער שניידער פלעגט אין גרימצאָרן
קומען אַף זיין טעכטערל האָדל,
און פלעגט פאַרקלעמען די האַנט, אינדערהויך מיט
דער נאָדל,

פלעגט די קליינע, אַזוי ווי אַ וועווריק, טאָן אין פּעסל
אַ שפּרונג,
האָט דער שניידער אַ שאָ נאָכאַנאַנד זיך געביסן די צונג.

און די קלייניקע שיינדל פלעגט אינגאַנצן נישט וואַרטן
די מאַמע זאָל קומען זי שטראָפן,
(זי איז באַלד שוין אַנטלאָפן).

אַ באַרנע גענאַשט, צי צעבראָכן אַ גלאָז,
זי זיצט שוין אין פּעסל, איידער ווען, איידער וואָס.

האָבן טאַטעס און מאַמעס באַשלאָסן:
דאָס פאַס איז אַן אומגליק אין הויף, ס׳ווערן קינדער
צעלאָזן,

ס׳ווערט פון קינדער אַ טעל,
אַז מען קען אַף אַ קינד נישט צעשינדן די פעל.

האָט מען אָרקע דעם טרעגער באַשוואָרן מיט טרערן,
ער זאָל דאָס פעסל באַשטאַטן, מען זאָל דאָס נישט זען
און נישט הערן.

האָט אָרקע דער טרעגער געבאָטן: פיר דוקאַטן —
וועט ער דאָס פעסל באַשטאַטן.

דערווייל מאַכט זיך אַ מייסע און ס׳געשעט אַזאַ זאַך,
אַז באַ אָרקע דעם טרעגער נעמט רינען פון דאַך.

רינט פון אָנהויב אַ טראָפּן, און ווייטער דערנאָך
ווערט אין דאַך באַ אים גרעסער און ברייטער דאָס לאָך,
און פון באַלקן דער גאָס ווערט אַלץ גרעסער און גרעבער,
אַז עס פלייצט ווי פון צעבער.

האָט אָרקע דער טרעגער אַ ווײַלע געטראַכט,
גענומען דאָס פאַס אַף די פלייצעס און אין שטיבל
געבראַכט,

און אַוועקגעשטעלט סאַמע אָט דאָרט, וואו פון דאַך
האָט גערונען.
איז דאָס פעסל געשטאַנען אַ פולס, אַזוי ווי אַ ברונעם.



האָבן טעכטערלעך אָרקעס געקוואָלן, וואָס אין שטוב
איז אַ באָד און ס'איז נאָס,
און אינמיטן דער שטוב שטייט אַ פאָס.

האָט אָרקע דער טרעגער געברומט און געוויגט
מיטן קאָפּ:
'אַ נייע מעציע, איך שענק זי אייך אָפּ!"

און אַז אָרקע דער טרעגער האָט זיין דעכל פאַרריכט,
מיט אַ ברעט, מיט אַ שינדל, מיט אַן אַלטן געוויכט,
איז מען געקומען אים זאָגן און רופן און בעטן,
האַקלאַל, באַ פיניע דעם שניידער רינט אויך שוין
אַריין, און סאַמע אַריבער די בעטן.

און דערנאָך,
איז באַ דער אַלמאָנע געוואָרן אין סטעליע אַ לאָך.

האָט מען געזען: ס'איז אַן אָנשיקעניש מיטן רעגן,
עס וויל דאָס פעסל פון הויף נישט אַוועקגיין.

האָט מען געזען: מען קען אַנדערש נישט מאַכן,
איז דאָס פעסל געבליבן אין הויף מיט אַנדערע
נויטיקע זאַכן.

און איינמאָל האָט אָרקע דער טרעגער געהייסן די
טעכטערלעך שיילן קאַרטאָפל.
זיינען די מיידעלעך ביידע אין פעסל אַנטלאָפן.

איז ער געלאָפן צום פעסל זיי זען און זיי רופן,
ערשט ער גיט זיך אַ ריר —
ס'איז אין פעסל אַ טיר,

און ווי אין דער דירע דער שענסטער —
אַ געשניטן פענצטער,

מיט ראַמען, מיט ליכטיקע שויבן,
פראָסט נישט צום גלויבן.

און אַ גלעקל אין טיר,
ווי באַם שענסטן גוויר.

און העט, העט אויבנאָן,
פאַטשט מיט די פליגל אַ גאָלדענער האָן.

פאַרפאַלן. האָט אָרקע דער טרעגער נישט געזאָגט
שוין קיין וואָרט,
געשטאַנען, געשוויגן, נישט גערירט זיך פון אָרט.
און ס'האָבן די טעכטערלעך אָרקעס אַ בסורע צעשיקט
מיט שטאַפעטן,
און האָבן געלאָזט צו זיך אַלינקע קינדער פאַרבעטן,

און באַזונדער די קינדער פון הויף זאָגט מען אָן,
ס׳איז דאָס פעסל געוואָרן אַ פּאַלאַץ מיט אַ גאָלדענעם
האָן.

און אַז דער האָן גיט אַ קריי אין באַגינען,
קריגט יעדערער דאָס, וואָס ער נעמט זיך אין זינען.

מען זאָל זיך ניט שעמען און קומען, האַקלאַל און האַקלאַל,
דאָס איז דאָך אַ גאָלדענער קוואַל.

האָט מען לאַנג נישט באַדאַרפט זיך באַ קינדער צו בעטן,
זיינען אינגלעך געלאָפן מיט איבערגעדרייטע קאַשקעטן,

און מיידלעך האָבן געשריגן, פון דעם האָן געלאָזט וויסן,
און קעץ זיינען אויך מיטגעלאָפן, די ווידלען פאַרריסן.

האָט מען געשטופּט און געשטויסן זיך שטאַרק,
פון געסלעך, פון גאַסן, פון מאַרק.

האָט איינער פאַרלאַנגט זיך אַ טיש,
און איינער — אַ באַנק,
און איינער — אַ בענקל אַ ווייכן,
און איינער — אַ פייל,
און איינער — פינף ביינערנע צייכן.
און די קליינינקע שרייערקע עטקע
האָט סאַמע אינמיטן געשטעלט זיך אַ ווייכע קאָזעטקע.

ס'איז נישט איבערדערציילן, וואָס ס'האָט דאָרט זיך געטאָן,
נאָר די טעכטערלעך אָרקעס זיצן סאַמע אין שפּיץ אויבנאָן,
טאַקע סאַמע אָט דאָרט וואו דער גאָלדענער האָן.





# אַ מייסע פון אַ פּאָר גאָלדענע שיכעלעך

אַ מייסע פון אַ פּאָר גאָלדענע שיכעלעך.
איך האָב זיי אַוועקגעשטעלט לעם מיין בעט,
איז געקומען דער שוואַרציאָר
און האָט זיי אין ערגעץ פאַרשלעפּט.

איי, אַ שאָד די גאָלדענע שיכעלעך,
וואָס זיינען געשטאַנען לעם מיין בעט
(און אַ דאַנק דעם מייסעלע —
פון האַרצן זיך אַראָפּגערעדט).

האָט דער שוואַרציאָר אָנשטאָט גאָלדענע שיכעלעך —
אַ פּאָר טשאָבאָטעס אַוועקגעשטעלט,
און האָט אין טיר נאָך אָנגעקלאַפּט,
און געפרעגט — צי מיר געפעלט.

איי אַ פּאַרדראָס — די טשאָבאָטעס,
וואָס שטייען לעם מיין בעט
(אַזוי דערציילט דאָס מייסעלע,
דער געטרייער שטאָפּעט).

נו מיילע — טשאָבאָטעס איז טשאָבאָטעס —
אַלץ קען מען מיט זיין גיין אין גראָז, אין שניי.
איז געקומען דער שוואַרציאָר —
איך זאָל אים באַצאָלן פאַר זיי.

אַיי אַן אומגליק, נאָך דאָס האָט מיר געפעלט,
צום שוואַרציאָר פאַרקריכן מיט אַ כויוו
(און אַ נעס דאָס מייסעלע,
וואָס וועט עס דערציילן אין מיין הויף).

נו מיילע, אַ באַלכויוו איז אַ באַלכויוו,
אַלץ קען מען נאָך דעם הימל זען — — —
איז געקומען דער שוואַרציאָר,
איך זאָל דעם נאָמען באַ אים כאַסמענען.

אַיי אַ סקאַנדאַל — אַ כסימע גאָר?
און וועמען געבן? דעם שוואַרציאָר — — —
(נאָך אַ גליק אין מייסעלע,
דער סאָף איז גוט און קלאָר).

און ביידע — איי האָבן מיר געלאַכט,
איך און דאָס מייסעלע (שיר נישט אַראָפּ פון זינען),
אַז דער שוואַרציאָר — ער איז דאָך אַ נאַר,
אַז ער גלויבט נאָך אין מיין כסימע.

נאָר אַ שאָד איז די גאָלדענע שיכעלעך,
וואָס זיינען געשטאַנען לעם מיין בעט —
און דער שוואַרציאָר — אַ ווייטיק אין אים,
ער האָט זיי אין ערגעץ פאַרשלעפּט.

# דער טייך

האָט מען אַ גוילעם געהייסן וואַסער טראָגן,
האָט ער צוויי עמער גענומען
און איז אַוועק צום ברונעם.

טראָגט ער וואַסער און טראָגט
וויפיל קויעך ער פאַרמאָגט.

איז דאָס פאַס געוואָרן פול,
די באַלעבאָסטע איז געוואָרן דול:
— ס׳גייט דאָס וואַסער אַריבער די ברעגן,
עס איז די שטוב געוואָרן אַ טייך
צו טייכן גלייך.

האָט די גאַנצע שטוב גענומען שווימען:
פריער די פענצטער מיט די בלומען,
דערנאָך די טישן מיט די בעטן,
העמדער, זאָקן און קאַשקעטן.

אַ כוואַליע אַף אַ כוואַליע,
און די קינדער שווימען אין באַליע.

און דער גוילעם טראָגט וואַסער און טראָגט
וויפיל קויעך ער פאַרמאָגט.

איז דאָס וואַסער פון שטוב אַרויס אין הויף —
האָבן הענער גענומען קרייען,

האָבן אינדיקעס גענומען גרעגן:
ס׳לויפט דאָס וואַסער אַריבער די ברעגן.

האָט דער הויף גענומען שווימען,
שווימט אַ בעזעם און אַ ברעט,
און אַ שטריקל מיט גרעט,
און פון דאַך אַ שינדל
און אַ ראַבע הינדל.
איז געוואָרן פון הויף אַ טייך
צו טייכן גלייך.

און דער גוילעם טראָגט וואַסער און טראָגט
וויפיל קויעך ער פאַרמאָגט.

איז דאָס וואַסער פון הויף אַרויס אין גאַס —
האָבן גלעקער גענומען קלינגען,



האָבן קינדער זיך גענומען שרעקן:
ס׳לויפט דאָס וואַסער אַריבער די ברעגן.

האָט די גאַס גענומען שווימען,
שווימט אַ לייטער, שווימט אַ שטרוי,
שווימט אַ וואָגן מיט אַ גוי,
שווימען וועגענער מיט היי,
מאַמעס, קינדער מיט געשריי.
איז די גאַס געוואָרן אַ טייך
צו טייכן גלייך.

איז דאָס וואַסער פון גאַס אַרויס אין פעלד,
און אין פעלד האָט געפּאַשעט זיך אַן אָקס.
האָט ער דאָס וואַסער גענומען טרינקען,
האָט ער דאָס וואַסער גענומען שלינגען,
מיט אַזוינע גרויסע שלוקן
אַז אין איין מינוט איז אַלץ געוואָרן טרוקן.

און אַזוי גיך איז דאָס געשען —
פּונקט ווי ס׳וואָלט אַ מייסעלע געווען.

# אַ בריוועלע

די מאַמע האָט געהייסן שרייבן קיין אַמעריקע אַ בריוועלע
צו דער מומע כאַנע־שיינע־סאָרע־ציוועלע.

שרייבן אַ בריוו? פאַרוואָס ניט?
איז נישטאָ קיין פּאַפּיר, איז נישט גוט.

זאָגט שיינדל:
— פּאַפּיר?
איך ווייס וואו ס'ליגט, איך ווייס עס גוט,
ס'וועט זיין פּאַפּיר אין איין מינוט.

איז שיינדל אַוועק מיט פּאַראַד און געשריי,
און מען האָט זי אָנגעזען ווי פּאַראַיאָריקן שניי.

האָט די מאַמע געהייסן, אַז בערל און מאָטל און פערעץ
זאָלן ברענגען פּאַפּיר און אָן אַ טערעץ.

האָבן בערל און מאָטל און פערעץ אַזוי לאַנג געהאַקט
מיט די שטיוול.
ביז מען האָט געבראַכט פּאַפּיר אַף אַ בריוול.

די טינט האָט פרומע געזוכט צוויי שאָ נאָכאַנאַנד
און געפונען אונטערן בעט, אין אַ ווינקל, באַם וואַנט.

און די פּענע האָט סאָרקע געזוכט מיט היץ און קוראַזש—
זי שטייט גאָר פאַרשטעקט מיטן שפּיץ אין אַ פלאַש.

אַלץ געבראַכט —
ט'מען געשריבן אַ בריוול, אַ בריוול אַ פּראַכט.

האָט בערל פֿאַרקאַשערט די אַרבל ביז די עלנבויגן
און האָט גענומען שרײַבן פֿײַל אויסן בויגן.

געשריבן און געשריבן זײער שײן און זײער דין —
ביז ער איז געקומען צו אַ „שין".

און דער „שין" איז אים פֿון קאָפּ אַרויסגעפֿלויגן,
גלײַך קײנמאָל נישט געזען אים פֿאַר די אויגן.

זאָגט שײנדל:
— אַ „שין"?
מיט דער פּענע נאָר אַ פּלי, אַ ריר,
וועט זײַן אַ „שין" אַזאַ יאָר אַף מיר.

און אַז שײנדל האָט אַזוי אַ שרײַב געטאָן —
איז אַרויסגעקומען אַ ווינטמיל מיט אַ האָן.

האָט שוין מאָטל פֿאַררוקט דאָס היטל ביז די אויערן,
און גענומען פֿערלדיקע אויסיעס מויערן.
געשריבן און געשריבן מיט כײשעק און מיט ברען
ביז ער איז געקומען צו אַ „מעם".

און דעם „מעם" האָט ער געשטעלט קרום און לאָם,
קאַפּויר אין צווייען.
זאָגן אַלע: ס'טויג נישט. אַ „מעם" דאַרף שטיין, ווי
אַלע „מעמען" שטייען.

זאָגט שײנדל:
— אַ „מעם"?
אַ פּאַסיקל אַהין, אַ פּאַסיקל אַהער, אַ פּאַסיקל אינמיטן,
וועט זײַן אַ „מעם" ווי אויסגעשניטן.

און אַז שײנדל האָט אָנגעהויבן שרײַבן און מעקן,
איז אַרויסגעקומען אַ שטעקן אַף אַ שטעקן.



דעמאָלט האָט שוין פּערעץ אַראָפּגעוואָרפן שיך און זאָקן,
און האָט גענומען וואָרט נאָך וואָרט ווי טשוועקעס שלאָגן.

און ס׳איז אַרויסגעקומען אַ גאָלדן בריוועלע,
צו דער מומע כאַנע־שיינע־סאָרע־ציוועלע.

האָט מען אין גאַנץ אַמעריקע דעם בריוו געלייענט,
געלויבט אין הימל:
— זעט אַן „אַלעף״, זעט אַ „בייס״ און זעט אַ „גימל״.

היינט דער „שין״, דער „מעם״, דער „לאַמעד״ און דער „כאָף״ ?
גאָלד און זילבער פון דעם אָנהויב ביזן סאָף.

האָט מען אין גאַנץ אַמעריקע דערציילט, אַז פרומע און
שיינדל און סאָרקע און בערל און מאָטל און פּערעץ
(קיין איינס נישט פאַרפעלט)
האָבן אָנגעשריבן אַ בריוועלע איינס אין דער וועלט.



# אַ מייסע מיט אַ באַליע

אין אַ ליכטיקן טאָג, אין אַ גליקלעכער שאָ,
די זון איז געשלאָפן אַף טישן און בעטן,
האָט כאַנטשע געקויפט אַ דייזשע, ברויט קנעטן.

קנעט היינט און קנעט מאָרגן —
ווי לאַנג ס'זאָל נישט דויערן,
וויל דער טייג אַלץ נישט זויערן.

האָט כאַנטשע געזאָגט אָט אַזוי:
אַז די דייזשע איז קאַליע,
וועט עס זיין פאַר אַ באַליע.

איצט גייט וואונדער אַף וואונדער,
אַז קינדערשע קליידער און העמדער מיט שמוץ און
מיט פלעקן,
וואַשט די באַליע אַליין, אָן אַ פּיצעלע זייף, אָן אַ האַנט
צו פאַרשטעקן.

ווי אַזוי ?
ס׳גיט אַ העמדל זיך דריימאָל אַ דריי ווי אַ רייף —
ווערט אַ באַליע זייף.

לינקס אַ ראָד,
רעכטס אַ ראָד —
שוין פון באָד.

קומען שכיינעס פון קעלערס, פון בוידעמס, פון
מיטלסטע שטאָקן :

כאַנטשע־לעב, כ׳האָב קינדערלעך זיבן, נאָר וואַש און
צוואָג,
אַנטליי מיר די באַליע אַף היינטיקן טאָג.

איז די באַליע געגאַנגען אַזוי ווי אַ בסורע :
פון קעלער אַרויף אַף אַן אויבערשטן שטאָק,
פון דאָרטן אין הויף אין אַ פינצטערן ראָג.

דערנאָך :
אַף אַ בוידעם אין אַ שטוב אָן אַ טיר.
און אַרויף, ווי אַ מילכל, אַף טרעפּלעך פיר.

דערנאָך אין אַ שטוב מיט אַ הרובע אַ בלויער,
דערנאָך צו אַ שכיינעשער גויע.

האָט די מייסע געדויערט
אַזוי ברייט, אַזוי לאַנג,
ביז די באַליע אַליין האָט געוואוסט שוין איר גאַנג.

האָט די באַליע געוואַגט
און גענומען אַליין
פון דירע צו דירע זיך קייקלען און גיין.

טראַכט די באַליע און זאָרגט:
פייגעביילע און די מאַנצבילשע קאַמאַשן,
מוז מען צו איר זונטיק קומען וואַשן,

ווייל זי האָט קליינע קינדערלעך,
מוז אָפטער וואַשן ווינדעלעך.

און מאָנטיק וואַשט מען העמדעלעך אין אויבער שטיבל,
און דינסטיק, האָט נישט קיין פּאַריבל,
וואַשט מען מייטקעלעך.

און וואַשן לייבעלעך און זאָקן —
קייקלט זיך די באַליע מיטוואָך מיט גערויש און מיט
געהילך,
צו סאָרע־זלאַטען, וואָס האַנדלט מיט ציגן־מילך.

דאָנערשטיק איז אַ געשפּאַר.
קייקלט זיך די באַליע, ווערט צוויימאָל אַזוי ברייט,
וואַשט העמדעלעך פאַר קינד און קייט.

פרייטיק גייען קינדער אין קלאָרער וועש,
פרייטיק ווערט די באַליע זייער פרום
און וואַשט זיך גאָר אַליין אַרום.

# באַ אַן אָרעמען מאַן

באַ אַן אָרעמען, אָרעמען מאַן
געשען איז אַ וואונדער:
ס'האָט איינמאָל באַ אים אַפן בוים
זיך אַ פויגל צעזונגען.

זיינען מענטשן פון עק פון דער וועלט
געקומען צו גיין און צו לויפן,
באַ דעם גליקלעכן מאַן
דעם פויגל צו קויפן.

ט'ער געהייסן זיך געבן אַ בעט
און אַ קישן צו קאָפּנס צו רו,
און אַ בער פון אַ וואַלד,
און אַ בערעלע צו.



האָבן מענטשן פון עק פון דער וועלט
אַ בעט שוין געהובלט,
אַ ציך שוין געשפּונען,
נאָר אַ בער פון אַ וואַלד
און אַ בערעלע צו — נישט געפונען.

ט׳ער געהייסן זיך געבן אַ טיש
און אַ בענקל צו זיצן צו רו,
און אַ הירש פון אַ וואַלד,
און אַ הירשעלע צו.

האָבן מענטשן פון עק פון דער וועלט
אַ טיש שוין געמאַכט, אַ בענקל גענומען,
נאָר אַ הירש פון אַ וואַלד
און אַ הירשעלע צו — נישט געפונען.

ט׳ער געהייסן זיך געבן אַ קלייד
און אַ העמד אַף צו שלאָפן צו רו,
און אַ פוקס פון אַ וואַלד
און אַ רויטינקן פיקסעלע צו.

האָבן מענטשן פון עק פון דער וועלט,
אַ קלייד און אַ העמד שוין געשפּונען,
נאָר אַ פוקס פון אַ וואַלד,
און אַ רויטינקע פיקסעלע צו —
געזוכט און געזוכט — נישט געפונען.

זיינען מענטשן פון עק פון דער וועלט,
מידע און בייזע געקומען,
און באַם גליקלעכן מאַן פון דעם בוים
דעם פויגל גענומען.

באַ אַן אָרעמען, אָרעמען מאַן
געשען איז אַ וואונדער:
ס׳האָט באַ אים אַפן בוים אַף אַ צווייג
זיך אַ פויגל צעזונגען.